הדרים של ווארשה וברבריים

Meyer Rutkowski

16. Hutchison Street

Middlesex Street

Whitechapel

London

# פראגער בילבול

דא ווערט באשריבין דיא געשיכטע וואס האט זיך
גיטראפין אין דיא גרויסע שטאט פראג וויא זייא
האבין אויף זיך גיהאט עלילות דם פאר פסח אונד
זיי זיינן ניצול גיווארין בדרך נס ע"י הגאון המקובל
מהר"ל מפראג ז"ל אונ מיר דארפין דאנקען גאט
אז ער האט אויף אונז משנה עתים גיווען לטובה:

## ווילנא

שנת תר"ל לפ"ק

---


**ПРАГЕРЪ БИЛБУЛЪ,**

или разсказъ изъ Впрошлой жизни
Евреевъ въ Богеміи.
Вильна Въ типографіи А. Дворжеца на
вилейской улицѣ въ домѣ Горскаго
№ 31 1869 г.

Дозволено Цензурою 24 Ноября
1869 г Вильпа.

# אזהרה מן המביא לבית הדפוס

לאחינו ב"י לבלי להדפיסו שנית ולבד האיסור מהסגת גבול ענוש יענש
על פי חוק הממשלה :

# פראגער בילבול

מעשה עס איז געוועזן אין פראג אגרויסער עושר אונ ער
האט געהאט איין בן יחיד וואש ער איז געוועזן
אגרויסער תכשיט · ער איז געזעסן יום ולילה אונ
האט געלערינט אונ אין זייער פרום געוועזן · אינ זיין
ווייב איז געוועזן אגרויסע אשת חיל · אונ ער האט
זיך גאר ניט געמישט אין קיין משא ומתן · אונ זיין
פאטער דער עושר פלעגט אים צוא געבין אלעס וואש
ער האט באדארפט כדי ער זאל זיצין אונ לערנען ·
לימים איז דער עושר געווארין שלאף האט ער געשיקט
רופין זיין בן יחיד אונ זאגט אים זאלסט וויסין אז
איך בין זייער שלאף טאמער וועל איך ח"ו שטארבין
פון דעם שלאפקייט · בעט איך דיך דוא זאלסט מיר

צווא

צוא זאגין איין זאך · זאגט דער זון מיין ליבער פאטר
זאג וואס דוא ווילסט איך וועל דיך בוודאי פאלגין
דען דיא תורה האט דאך אונז גיבאטין כבד את אביך
מכל שכן אזוא איין ליבער פאטער וויא דוא ביסט
וואש דוא האסט פיל געלט אוים גיבראכט כדי איך
זאל קאנען לערנען אונ גיסט מיר גאר מיין באדערפניס
נוא וועל איך דיך בוודאי פאלגין וואס דוא וועסט
מיר הייסין · זאגט דער פאטער צוא אים מיין ליבער
זון זאלסט וויסין אז פון מיר וועט דיר איבר בלייבין
דייער פיל עשירות געלט אונ קליידער אונ זילבער
אונ פעריל אונ אבנים טובות אונ מויערין אונ גיוועלבין
נאר איך בעט פון דיר אז דוא זאלסט מיר געבין
תקיעת כף אז וויל דוא וועסט לעבין זאלסטו גאר
זיך ניט מישין אין קיין שום משא ומתן · נאר דוא
זאלסט זיצין טאג אונ נאכט אונ לערנען אונ גאט
דינען · דען דיין וייב איז אגרויסע אשת חיל וועט
זיא אליין פירין אלע משא ומתן דורך אנשים נאמנים ·
אונ זאלסט זיך גאר ניט מישין דער צוא · אונ איך
בין בטוח אין הש"י אז ער וועט דיך אוים פירין צום
בעסטין · זאגט דער זון מיין ליבער פאטער איך בין

אן

אן גיבריית צוא פאלגין דיך · אונ ער האט אים
גיגעבין תקיעת כף דרויף · איז דער עושר גישטארבין ·
אונ דער זון האט מקיים גיוועזן זיין פאטערס צוואה
אין גאנצין אונ פלעגט נאר לערנען יום ולילה אונ
האט זיך ניט גימישט אין קיין שום משא ומתן נאר
זיין ווייב האט גיפירט גרויסע האנדל שאפט דורך
פיל נאמנים ומשולחים :

ויהי היום אין עטליכע יאר ארום קומט אמאל צו גיין
זיין ווייב צו אים אונ זאגט מיין מאן זאלסט
וויסין אז אונזער מזל גייט אראפ אלע טאג ווערין מיר
ארומער · אונ וואש איך האנדל ווער איך אן · בכן
זאלסטו וויסין איך בין שולדיג לייטין זייער פיל געלט ·
זאלסטו לאזין אויס רופין אין דיא שולין אונ אין דיא
בתי מדרשים אז ווען איך בין שולדיג געלט האט
ער צייט צוא קומען היינטיקס יאר אגאנץ יאר וועל
איך אים מסלק זיין זיין געלט · אונ וויא הש"י וועט
וועלין פירין מיט אונז אזו וועט זיין אונ לאמר ח"ו ניט
זיין קיין אן זעצערס פרעמד געלט דען עס וועט זיין
אגרויסער חילול השם ח"ו אז מיר וועלין אן זעצין
פרעמד געלט חוץ וואס מיר וועלין גישטראפט ווערין
חלילה

חלילה לעולם הבא · דרום וויל איך באצאלין לייטין
זייער געלט · אונ אויב עש וועט אונז אויך בלייבין
איז מה טוב אונ אויב ח"ו ניט מוזין מיר אויך ליידין
דאס איז אלץ פון הש"י · אונ אזוא האט ער גיטאן
אונ האט גיהייסין אויס רופין אין אלע שולין אונ אויך
אין אלע בתי מדרשים פון גאנץ פראג אז וועלכין
מענטשין זיין ווייב איז שולדיג געלט האט ער צייט
צווא קומען אגאנץ יאר פון היינטיקין טאג אן וועט
מען אים באצאלין עד פ"א · אונ דער וואש וועט ניט
קומען אגאנץ יאר אונ וועט קומען ערשט דער נאך
אונ עס וועט ח"ו ניט זיין אים צו באצאלין זאל ער
קיין תרעומות ניט האבין · אזוא איז גיוועזן אלע בעלי
חובות זיינען גיקומען אונ מען האט זייא אלע באצאלט
עד פרוטה אחרונה · אבער עס איז זייא גאר ווייניג
געלט גיבליבין · זאגט דאש ווייב צווא איר מאן דעם
פרומען וואס וועלין מיר היינט טאן דען געלט האבין
מיר זייער ווייניג אונ אונזער הוצאה איז גאנץ גרויס ·
מיר וועלין ח"ו קומען אויף לייטיסע גילעכטער · דאס
אלע שונאים וועלין אין אונז דער פרייט ווערין · זאגט
דער מאן צווא איר דאש איז אלץ פון גאט ב"ה וואש

ער

ער טוט איז אלץ רעכט · נאר פון דעסט וועגין וועל
איך מיך באטראכטין וואש צוא טאן · אונ ער גייט
אויף זיין פאטערס קבר אונ בעט אים מיין ליבער
פאטער עס איז מיר ניט אויש גיגאנגען דיין צוואה
וייל אונזערע חכמים שרייבין (טוב תורה עם דרך ארץ)
עס איז גוט צו לערנן תורה אונ מען זאל דר בייא
איין משא ומתן אויך טאן · אונ דאש זאגין אויך אונזערע
חכמים אז דער משא ומתן וואס איין אשה פירט אליין
איז דרינען ניט פאר האנדין קיין סימן ברכה · בכן
בעט איך דיך דוא זאלסט מיר מיין תקיעת כף אביסל
גרינגער מאכין דאש צווייא שעה אין איטליכין טאג
זאל איך מעגין קוקין אין משא ומתן · אונ די איבעריגע
צייט וועל איך לערנען אונ גאט דינען אזו וויא פריער ·
איז זיין פאטער אים גיקומען צו חלום אונ האט אים
גיהייסין אזו טאן · זאגט ער צו זיין ווייב מיר וועלין
פאר קויפין אלע מויערין אונ אלע גיוועלבין אונ אויך
דיא אבנים טובות אונ דיא איבעריגע זאכין וואש מיר
האבין אונ מיר וועלין ארויש פון פראג אין אנאנדער
שטאט ארייז · טאמער וועלין מיר דארט אויף זוכין אונזער
מזל · אונ אויך מיר וועלין זיך מאכין דיא הוצאה

קליין ווייל דארט קען מען אונז ניט אז מיר זיינען
אמאל זייער רייך גיוועזן · טאמער וועט הש"י אונז
העלפין אז מיר זאלין האבין פרנסה · אבער אין פראג
קען מען אונז דאך וויא רייך מיר זיינען גיוועזן קענין
מיר אונזער פירונג ניט קליין מאכין ווייל עש איז אונז
אגרויסע חרפה · אונ זאלסט וויסין אז מיין פאטר האט
מיר בחלום מיין תקיעת כף גרינגער גימאכט אז איך
מעג צוויא שעה אין איטליכין טאג עוסק זיין אין משא
ומתן · זאגט זיא צוא אים אז וויא דוא ווילסט אזוא
טוא · אונ הש"י זאל אונז העלפין מיר זאלין ניט קומין
לידי מתנת בשר ודם ח"ו אונ אונזערע שונאים זאלין ניט
דער פרייט ווערין אין אונז · אונ אזו האט ער גיטאן
ער האט פאר קויפט אלע מויערין אונ אלע גיוועלבין
אונ כלי כסף אונ אבנים טובות אונ האט זיך צוא נויף
גישלאגין פיל געלט · אונ האט גינומען זיין ווייב אונ
קינדער אונ זיינען ארויש גיפארין פון פראג · אונ זיינען
גיפארין זיך זוכין אין שטאט עש זאל זייא גיפעלין
דארט צו בזעצין זיך · זיינען זייא איבער גיפארין כמה
וכמה שטעט אונ עש איז זייא אלץ ניט גיפעלין דארט
זיך באזעצין :

יהי

ויהי היום זיינען זייא אן גיקומען אין אקליין שטעטיל
אויף איין שבת האט ער גיזעהן אז אין דעם
גאנצין שטעטיל איז גיטא אהויז אשיינע · וויא ער איז
גיקומען אין שול ארייין דאוונען פרייטאג פאר נאכט זעהט
ער אז אלע בעלי בתים גייען אן גיטאן אין לייוויינטענע
קאפטאנעס האט ער פאר שטאנען אז זייא זיינען זייער
גרויסע ארימע לייט · נאך דעם דאוונען פרעגט ער זייא
ווארום זייט איר אזו ארום זאגין זייא צוא אים ווייל אונזר
משא ומתן איז נאר מיר קויפין אונ פאר קויפין סמאלע
נוא וואש קען מען גאר פאר דינען אין אזו איין ארימען
משא ומתן דרום זיינען מיר אזו ארום · דער דאזיגער
האט זיך דאש גוט אין זינען אריין גינומען · אונ איז
גיקומן צוא גיין אויף דער הארבריג אונ זאגט צו זיין ווייב
ווערליג מיין שכל ווייזט אויש באדארפין מיר וואונען אין
דעם דאזיגין שטעטיל · דען זייא זיינען אלע זייער ארום
וועלין מיר זיין אנטקעגין זייא גרויסע עשירים · אונ דיא
הוצאה איז דא אויך גאר קליין · אונ מיר וועלין זיך דא
אפ זוכין עפים אמשא ומתן · אונ אזו איז גיוועזן ער האט
זיך דארט גידונגען אדירה אונ איז גיבליבין אין דעם
שטעטיל · האט ער זיך איין גיקויפט אביסיל סחורה
אלירלייא

אַלִירְלֵייא מִינִים אוּנ הָאט עֶס פַּאר קוֹיפְט צוּ בִּיסְלִיךְ וַוייס
אוּנ הָאט פַאר דִינְט זַיין פרנסה בשפע · עֶס הָאבִּין אָן
גְהֵייבִּין צוּא פָּארִין סוחרים אִין דֶער שְׁטֶעטִיל אַרַיין אוּנ
עֶר פְלֶעגְט לֵייזִין פִיל גֶעלְט :

ויהי היום אִיז דֶער קאמיסער פוּן דֶער שְׁטָאט גִיוָואר
גִיוָוארִין אַז עֶשׂ גִיפִינְט זִיךְ סחורה אִין דֶער
שְׁטָאט · הָאט עֶר גִישִׁיקְט צוּ אִיר זִיא זָאל אִים בְּרֵיינְגֶען
סחורה עֶר וֶועט אִיר אוֹיךְ גֶעבִּין צוּא לֵייזִין · אִיז זִיא
גִיגַאנְגֶען צוּא אִים מִיט סחורות · וְוִיא עֶר הָאט זִיא דֶער
זֶעהֶען אַז זִיא אִיז אַגְרוֹיסֶע פרשון אוּנ גֵייט זֵייעֶר שׁוֹין
בַּאקְלֵייד אוּנ רֶעט מִיט אִים זֵייעֶר שׁוֹין מִיט גְרוֹישׁ כבוד
אוּנ מִיט גְרוֹישׁ נעימות הָאט עֶר גְרוֹישׁ הנאה גִיהַאט דֶער
פוּן · זָאגְט דֶער קאמיסער צוּא אִיר פוּן וַואנֶען בִּיסְטוּ ·
הָאט זִיא אִים נִיט גִיוָואלְט מגלה זַיין פוּן וַואנֶען זִיא אִיז ·
זָאגְט דֶער קאמיסער צוּא אִיר אִיךְ וָואלְט גֶערִין זֶעהֶן דַיין
מַאן וָואס פַאר אַמֶענְטְשׁ עֶר אִיז דֶען אוֹיבּ עֶר וֶועט מִיר
גִיפֶעלִין וֶועל אִיךְ אִים טָאן גְרוֹיסֶע טובות · וָוארוּם אִין
דֶעם גַאנְצִין שְׁטֶעטִיל אִיז נִיט פַאר הַאנְדִין אַיין מֶענְטְשׁ
אִיךְ זָאל מִיט אִים קֶענֶען רֵיידִין אפילו צְוֵוייא וֶוערְטֶער ·
אַמָאל אִיז דָא גִיוֶוען דֶער דוכס פוּן דֶער שְׁטָאט · זַייגֶען

גקומען

גיקומן אלע בעלי בתים פון דער שטאט אים עפס בעטין
זייגען זייא גיקומען צוא אים מיט זייער מיאוסע קליידער
אונ זייא זייגען נאך גיווען איין גישמירט מיט סמאלע אונ
האבין אים פאר שטונקען דיא גאנצע פאקאייעס האט
ער אגישרייא גיטאן מען זאל זייא ארויש טרייבין פון דעם
הויף · אונ האט גישווארין אז ווייל ער וועט לעבין זאל
ער ניט געבעטיגין אין דער שטעטיל · דרום אויב דיין
מאן איז עפעס אפיינער מענטש וועל איך אים טאן גרויסע
טובות · אונ וועל שרייבין צום דוכס אז עס גיפינט זיך
אין דער שטעטיל אזו אפיינער מענטש וועט בייא אים
אויך זייער אן גילייגט זיין · זאגט זיא צום קאמיסער
מיין מאן איז זייער אפיינער אונ אקלוגער אונ אפרומער
מענטש ער וועט דיר בוודאי גיפעלין :

ויהי היום איז דער מענטש אמאל גיגאנגען צום קאמיסר
כדי ער זאל אים אוים בווען אדירה · איז ער
זייער גיפעלין דעם קאמיסער זאגט דער קאמיסר צו אים
אז דוא ביסט יוא אזו אפיינער מענטש וועל איך דיר טאן
אטובה איך וועל דיר פאר דינגען די ארענדע מיט דער
גיראלני מיט דיא מילין גאנץ וואלוויל · נאר איך בעט
דיך דוא זאלסט עפעס מאכין לייט אויש דיא שטאט לייט

פון דיין פאר שטאנד · אזו האט ער גיטאן ער האט אים
פאר דונגען די אלע זאכין אויף דרייא יאר גאנץ וואלוויל
דער איז דרינגען גאנץ רייך גיווארין ער האט גימאכט פיל
מענטשין פון דער שטאט צוא לייט · דען פיל האט ער
גימאכט פר נאמנים פיל פר משולחים אונ פיל פר סוחרים
דאש ער פלעגט זייא געבין געלט זייא זאלין מיט אים
בשותפות זיין · ביז דיא אלע לייט פון דער שטאט זיינן
אויך גליקליך גיווארין לעבין אים · זייא האבין זיך אויש
גיבויט גאנץ פיינע הייזער · אונ האבין זיך שיין בקלייד
נאך דיא דרייא יאר האט ער נאך מער נושא חן גיוועזן
בייא דעם קאמיסער ביז דער קאמיסער האט אים פאר
דונגען דיא גאנצע פסעסיע פון דער שטאט מיט אלע
דערפער · דער מענטש איז זייער גליקלאך גיווארין ער
איז נאך פיל מער רייכער גיווארין איידער ער איז גיוועזן
נאר צום ערשטין · אונ ער פלעגט זיצין יום ולילה אונ
לערנען אונ גאט דינען נאר צוויא שעה אין טאג פלעגט
ער אריין קוקין אין זיין משא ומתן אונ פלעגט אפ נעמן
חשבון בייא זיינע נאמנים · דער קאמיסער האט גישריבין
צום דוכס דוא זאלסט וויסין אז דאס שטעטיל וואס דוא
האסט גישווארין דוא זאלסט דרינען נית נעכטיגין · איז

דאש היינט זייער אשיין שטעטיל גיווארין · עש גיפינט זיך דרינען אזו איין פיינער אונ אקלוגער מענטש וואש עש גיפינט זיך ניט אין דיין שטאט וואש דוא זיצט אין איר · אונ ער האט גימאכט אלע מענטשין פון דער שטאט פאר גרויסע סוחרים אונ זיי גייען שוין אלע זייער שיין בקלייד אונ האבין שוין זייער פיינע הייזר אונ אז דוא זאלסט וועלין קומען אהער וואלסטו אליין גיזעהן דעם חילוק פון דער שטעטיל וויא עש איז פריער גיוועזן · אונ דאש האט אלץ גימאכט דער נייער מענטש וואש האט זיך באזעצט ניט לאנג אין דעם שטעטיל · אונ דאש שטעטיל האט גיקערט קיין פראג אונ דר דוכס איז אויך גיזעסן אין פראג :

ויהי היום האט זיך דער דוכס מיישב גיוועזן אונ איז גיפארין אין דעם שטעטיל ארין גיוואר ווערין

אויב דאש איז אמת וואש דער קאמיסר שרייבט אים · וויא ער איז גיקומען האט ער באלד גישיקט נאך דעם מענשין איז ער גיקומען צוא אים מיט זיין ווייב זיינען זייא אים זייער גיפעלין · אונ האט אים גיקושט אונ גיהאלזט אונ זאגט צו אים דוא ביסט מיר זייער גיווארין איין גיבאקין אין מיין הארצין · איך האב דיך בעסיר ליב איידר מיין איינגן קינד · נאר איך וויל פון דיר איין בקשה בעטין · נאר דוא זאלסט

מִיר נִיט פַר זָאגִין ׳ זָאגְט דֶער מֶענְטְשׁ צוּ אִים אֲדוֹנִי דוּכָּס
בֶּעט וָואשׂ דוּא ווילְסְט אִךְ וֶועל דִיר בְּוַודַאי נִיט פַאר
זָאגִין נָאר עֶשׂ זָאל מִיךְ נִיט אָן רִירְן אִין דֶער אֱמוּנָה זָאגְט
דֶער דוּכְּס צוּא אִים אִיךְ וִויל דוּא זָאלְסְט אַרוֹיס מִיט מִיר
קַיין פְּרָאג ׳ אוּנ אִיךְ וֶועל דִיר אוֹ״שׁ טוּיעֶרִין דָארְטִין אָזֶעלְכֶע
פְּקָאיֶעס וִויא מַיינֶע ׳ אוּנ וָואשׂ פַאר אַסְחוֹרָה דוּא וֶועסְט
וֶועלְ[ן] הַאלְטִין אִין דַיין גִיוֶועלְבּ טָאר קַיין שׁוּם מֶענְטְשׁ נִיט
הַאלְטִין וֶועסְט זַיין מִיט אִיר אַיין יָחִיד ׳ אוֹיךְ אוֹיבּ דוּא
וֶועסְט וֶועלִין הַאלְטִין אַוַיין שֵׁיינְק ׳ טָאר אוֹיךְ קֵיינֶער עֶשׂ
נִיט הַאלְטִין ׳ אוּנ דֶעם אָטְקוּפּ פוּן דִיא דָאזִיגֶע שְׁטֶעטִיל
וֶועל אִיךְ דִיר תָּמִיד פַאר דִינְגֶען פַאר דֶעם אֵייגְנֶע גֶעלְט
וָואשׂ דוּ הַאלְסְט זִיא הַיינְט אוּנ דוּא וֶועסְט דָא הַאלְטִין
נֶאֱמָנִים ׳ אוּנ אִיךְ וֶועל גֵיין אַלֶע טָאג צוּ דִיר גִיוָואר וֶוערִין
אוּנ אוֹיבּ דוּא הָאסְט מוֹרָא אַז דִיא הוֹיפְּס לַייט דֶר קָאמִיסַר
אוּנ דִיא אִיבֶּרִיגֶע עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם הוֹיף זָאלִין דִיר נִיט טָאן
קַיין שְׁלֶעכְץ מֵחֲמַת קִנְאָה ׳ גִיבּ אִיךְ דִיר תֵּיכֶּף אַחְתִּימָה
אַז זֵייא מוּזְן דִיר אַלֶע חֶשְׁבּוֹן גֶעבִּין אִיטְלִיכֶער פוּן זַיין
זַאךְ וָואשׂ עֶר הָאט דְרִיבֶּער צוּ שַׁאפִין נוּא וֶועלִין זֵיי אַלֶע
מוֹרָא הָאבִּין פַאר דִיר ׳ וִויא דֶער דָאזִיגֶער מֶענְשׁ הָאט
דָאשׂ דֶער הֶערְט הָאט עֶר זִיךְ זֵייעֶר דֶער שְׁרָאקִין וַוייל
ער

ער ווייסט דאך אז אין פראג האט ער זיין גליק אן גיווארין
אונ דא האט ער גיקריגין · אונ ער רעט אים אן אז ער זאל
ווידער ארויש קיין פראג · ענפערט ער דעם דוכס איר
מוזט מיר געבין צייט עטליכע טעג איך זאל מיך מיישב
זיין זאגט דער דוכס צוא אים עש העלפט דורף ניט קיין
ישוב עש קען אנדערש ניט זיין אז דוא מוזט ארויש מיט
מיר קיין פראג ווארום איך וועל ניט קענען זיין אן דיר
אפילו אקליינע צייט · עש ווערט מיר זייער שווער זיין איבר
צו קומען דיא צייט וואש איך דארף דיר מויערין פקאייעס
אבר וויא באלד זייא ווערין פארטיג ווערין דא מוזטו תיכף
ארויש קיין פראג אן איין שום תירוץ · דער דוכס האט
גידאנקט דעם קאמיסר וואש ער האט גיקריגין דעם מענטש
אונ איז גיפארין אהיים · אונ האט תיכף גשאפט מען זאל
מויערין דיא פקאייעס דעם יודין ניט ווייט פון זיינע
פאקאייעס · וויא זיי זיינן פארטיג גיווארין האט ער גישריבן
אבריף צום קאמיסר ער זאל אים געבין פורין וויפיל ער
דארף אונ ער זאל תיכף ארויס קיין פראג דער פרומער
מענטש חאטשע עס איז ניט גיוועזן לרצון האט ער גימוזט
ארויש · אונ ער האט גילאזט נאמנים זייא זאלין אויף
אלעמן אכטונג געבין אונ איז ארויס קיין פראג · אונ איז פר

פארין

פארין גליך אין דיא פקאייעס אריין · דער דוכעס איז
תיכף גיקומען צו אים גיוואר ווערין אונ האט אים גיקושט
אונ גיהאלזט · אונ האט אים אפ גיגעבין איין גארטין פון
אלרלייא פירות אונ איין גארטין פון אלרלייא ירקות · אונ
אויך פעלדר פון אלירלייא תבואות · אונ האט אים גיגעבין
מענטשין זייא זאלין דרויף אכטונג געבין · אונ אויך זאלין
זייא דארטין ארבעטין אין דער צייט וואש מיבדארף אזו
וויא אלע אגראדן אונ גערטנער · דער נאך פרעגט אים דר
דוכעס וואש פאר איין משא ומתן ווילסטו דא פירן · זאגט
ער איך וויל זיין אוויין שיינקר נאר פון דעסט וועגין וויל
איך קיינעם ניט איזבאווין קיין פרנסה עש מעגין זיין וויין
שיינקרס וויפיל עש איז גיוועזן · נאר וואש מיר וועט
באשערט זיין צו לייזין וועל איך לייזן · אונ ער פלעגט זיך
פירין אזו וויא פריער ער האט טאג אונ נאכט גילערינט
אונ גדינט גאט נאר צווייא שעה אין טאג פלעגט ער אריין
קוקין אין משא ומתן " עש האט אזו גידויערט פיל צייט ·
ויהי היום האט ער אמאל אפ גינומן חשבון פון זיין נאמן
איז אים אפ גיגאנגין טויזינט רענדליך דער האט זיך ניט
גיקענט דער מאנען וואו דאש געלט איז · האט ער אים
אפ גישאפט ווארום ער האט גימיינט אז ער האט עש
גיגנבת

גינבת · דעם אנדערין טאג קומט צוא גיין דער גאמן אונ
זאגט אים איר זאלט וויסן אז איך בין טאקע איין ערליבער
מאן דען איך האב מיך דער מאנט אז עש קומט מיר בייא
דעם קאטולישן כומר פון דר שטאט טויזינט רענדליך אונ
איך האב אויף אים אקוויטיל · זאגט ער צום גאמן גייא
תיכף צוא אים אונ נעם בייא אים אפ דאש געלט · דען
איך הייס ניט בארגין אזו פיל איין טענטשין אונ אויב ניט
וועסטו בייא מיר קיין אורט ניט האבין · איז דער גאמן
גיגאנגין צום קאטולישן כומר · אונ דער קאטולישר כומר
האט גראד דערנסטמאל גימאכט אגרויסע סעודה, זאגט ער
צום גאמן וואש דארפסטו נעמט ער ארויש דאש קוויטל
אונ זאגט אים איך בעט דיר באצאל מיר דאש קוויטיל
וואש דוא בישט שולדיג פאר וויין דען מיין בעל הבית האט
מיר גיזאגט אז איך וועל בייא דיר עש ניט אויף מאנען
תיכף וועל איך בייא אים קיין אורט ניט האבין זאגט דער
קאטולישער כומר צו אים איצונד איז ניט מיגליך דען דוא
זעהסט דאך אז דיא סעודה דארף מיך קאסטין פיל געלט
אדרבא איך בעט דיך דוא זאלסט מיר נאך אצונד בארגין
וויין · אין עטליכע טעג ארום וועל איך דיר בוודאי בצאלין
עד פ"א דוא זאלסט גאר ניט זארגין · איז דער גאמן גיגאנגן

אונ

אונ האט דאש דער ציילט זיין בעל הבית · זאגט ער צוא
אים גייא נאך אמאל צוא אים אונ זאג אים ער זאל מיר
תיכף אפ שיקין מיין חוב עד פ״א אונ אויב ניט וועל איך
אים שטעלין אזאקוציע פון דעם הויף · איז דער נאמן
גיגאנגן אונ האט עש אים גיזאגט איז ער זייער ברוגז
גיווארין אויף דעם אויבער קאמיסר דען ער האט גיטראכט
פון וואנען האט איין יהודי אזאקוציע ובפרט צו מיר. צוא
שיקין מן הסתם האט עש גימוזט צוא זאגין דער אויבר
קאמיסר: האט דער קטולישער כומר אנטליען דאש געלט
אונ האט עש אפ גיגעבין דעם נאמן נאר אין הארצין האט
ער גיהאט שנאה אויף דעם יהודי אונ אויף דעם אויבער
קאמיסר · דער ווייל איז אן גיקומען דער אויבר קאמיסר
צו דעם קאטולישן כומר זאגט דער קאטולישר כומר צו אים
וואש גייסטו צו מיר אז דוא ווילסט מיר שטעלין אזקוציע
זאגט דער קאמיסר איך וויים גאר ניט וואש דוא זאגסט ·
דער ציילט אים דער קטולישר כומר דיא גאנצע מעשה ·
זאגט דער קאמיסר איך שווער דיר אז זינט דער יהודי איז
גיקומן קיין פראג · האב איך נאך מיט אים ניט גירעט איך
וויים גאר זיין צורה ניט דרום האסטו מיך ניט חושד צוא
זיין אום זיסט · אויב דוא ווילסט וועל איך שיקין נאך אים

אונ

אונ וועל אים פרעגין פון וואנען ער האט תקיפות צו געמן אזאקוצע זאגט דר אויבער קאמיסר צו איין הויף אפיצער רוף מיר אהער דעם נאייעם יהודי וואש ער איז אוויין שיינקער · איז ער גיגאנגן צוא אים · וויא ער איז גיקומען צוא אים אין הויף אריין האט ער גיזעהן אז עס איז בייא אים אין הויף זייער שיין אזו וויא בייא דעם דוכעס · אונ דער יהודי זיצט אונ לערינט איז גיפאלין אפחד אויף אים אונ איז גיבליבין שטיין בייא דער טיר · אונ דער יהודי האט אמאך גיטאן מיט דער האנט ער זאל ארויש גיין · איז ער אוועק גיגאנגען אונ קומט צו דעם קאמיסר אונ זאגט צוא אים דעם הער דאכט זיך אז ער איז איין ליידאק׳ דען זיין הויף איז פונקט אזו שיין וויא בייא דעם דוכעס אונ ער אליין לערינט · האב איך מיך דער שראקין בשעת מיין אריין קומען צוא אים אונ איך האב אים גאר ניט גיזאגט לאז דער הער שיקין צוא אים אגרעסרין מאן פון מיר · וועט ער מיט אים קענען ריידן · זאגט דער אויבער קאמיסר צו אנאנדר קאמיסר אקלענערר פון אים · גייא דוא צוא אים אונ זאג אים אז איך רוף אים אהער · איז דער קאמיסר גיגאנגן · אונ וויא ער איז גיקומן צוא אים אין הויף אריין האט ער זיך אויך זייער פר וואונדערט אויף דעם שיינקייט ·

דאך

דאך איז ער צוא גיגאנגען צוא אים אונ זאגט צוא אים דער
אובער קאמיסאר האט דיך זייער גיבעטן דוא זאלסט
קומן צו אים ער איז בייא דעם קאטולישן כומר זאגט דער
יהודי צוא אים זאג אים אז עש שטייט אים בעסער
אן צו גיין צוא מיר איידער איך זאל גיין צוא אים · זאגט
דער קאמיסר צוא אים וואש רעדסטו דען ער איז איין
אויבער קאמיסר בייא דעם דוכעס וואש ער טוט איז גיטאן
אונ ער איז נאך גיוועז אויבער קאמיסר בייא דעם דוכעס
פאטער נוא וויא קענסטו זאגין אזו אזאך ער זאל קומען צו
דיר · זאגט דער יהודי צו אים זאג אים ער זאל זיך גרייטין
מיר חשבון געבין פון דעם ערשטין יאר אן וואש ער איז
קאמיסר · דען איך האב אהתימה פון דעם דוכעס אז אלע
זיינע הויפס לייט בדארפין מיר חשבון געבין פון איטליכר
זאך וואש ער האט דריבר צו שאפין · אונ נעמט ארויש
דיא התימה פון דעם דוכעס אונ ווייזט אים וויא ער האט
דאש דער זעהן איז ער גיווארין זייער דער שראקין · אונ
האט אים זייער איבער גיבעטין · אונ איז גיקומען צום
אויבער קאמיסר אונ האט אים זייער איבר גיבעטין · אונ
האט אים דער ציילט דאש אלש וואש ער האט גיהערט
פון דעם יהודי אונ אויך וואש ער האט גיזעהן דיא חתימה

פון

פון דעם דוזיגעם אז איטליכער דינר פון דעם הויף בדארף
אים חשבון געבין · איז דער אויבער קאמיסר אויך געווארין
זייער דער שראקין · אונ איז גיפארין צו אים אונ האט אים
זייער איבער גיבעטין · נאר אין הארצין האבין זייא אלע
גיהאט שנאה אויף אים · לימים האט זיך גיטראפין עש איז
חולה געווארין איין זון פייא איין א״י וואש האט גיהיט
דעם גארטין פון ירקות בייא דעם דאזיגען יהודי איז דער
כומר דער פון געווער געווארין האט ער גישיקט צוא אים
אקלענרין כומר אונ האט אים אן גיזאגט אז ער זאל זעהען
שטעבין אים אונ זאל אים אונטער ווארפין דעם יהודי ·
אזו האט ער גיטאן אונ איז גיפארין צום איני יהודי אהיים
אונ האט אים מודיע גיוועזן פון דעם הימל אז דוא וועסט
ניט האבין קיין שום עולם הבא ווייל דוא דינסט בייא איין
יהודי שוין גאנץ לאנג · נאר דיין תקנה איז אז דוא זאלסט
שטעבין דיין זון אונ זאלסט אים אונטער ווארפין דעם יהודי
דאש וועט זיין דיין תקנה · זאגט דער איני יהודי איך האב
קיין הארץ נים אליין צו שטעבין מיין זון · בכן שטעך דוא
אים אונ איך וועל אים שוין אונטר ווארפין אויף איין גוט
ארט אונ איך וועל דיר מודיע זיין אויף וואש פאר איין
ארט דוא וועסט אים אונטר ווארפין · אזו האט דר כומר

גיטאן

גִיטָאן · אונ דֶער שְׁלַאפֶר אִיז גַאנְץ קלָאר גִיוֶועֶן אונ הָאט
דָאשׁ אַלְץ גִיהֶערְט נָאר עֶר הָאט זִיךְ נִיט גִיקֶענְט רִירְן · אונ
דֶער כּוֹמֶר הָאט אִים גִישְׁטָאכִין אונ הָאט אִים גִיגֶעבִּין דֶעם
פָּאטֶר אונ מוּטֶר זֵייא זָאלִין אִים אוּנְטֶר וַוארְפִין דֶעם יְהוּדִי ·
בַּייא דֶעם יְהוּדִי אִיז גִיוֶועֶן אַיין קֶעלְער וָואשׁ דָארְטִין פְּלֶעגִין
לִיגְן אַלֶע יְרָקוֹת וָואס דֶער אֵינוֹ יְהוּדִי פְּלֶעגְט אִים בְּרֵיינְגְן
פוּן זַיין גָארְטִין · אונ דֶער קֶעלֶער פְּלֶעגְט תָּמִיד אָפִין זַיין
וַוייל דֶער יְהוּדִי הָאט גִילָאזְט אוֹיס רוּפִין אִין שְׁטָאט אַז
וֶועלְכֶר אָרוּכַאן עֶשׁ וִויל זָאל זִךְ נֶעמֶן יְרָקוֹת וִויפִיל עֶר
בַּדַארְף פוּן דֶעם קֶעלֶער · פְּלֶעגִין אָרֶמֶע לַייט צוּא גֵיין
אונ נֶעמֶן פִיל זֵיי הָאבִּין גִיוָואלְט דְרוּם אִיז דֶער דָאזִיגֶער
קֶעלֶער תָּמִיד אָפִין גִיוֶועֶן אִיז גִיגַאנְגֶען דֶער אֵינוֹ יְהוּדִי
אונ הָאט גִינִימֶען זַיין זוּן אונ הָאט אִים אַנִידֶר גִילֵייגְט
אוּנְטִין אִין דֶעם קֶעלֶער · אונ אוֹיבִּין הָאט עֶר אַרוֹיף גִילֵייגְט
יְרָקוֹת · אונ בַּאלְד אִיז גִיוָוארִין אַרַעשׁ אַז בַּייא דֶעם אונ
דֶעם אֵינוֹ יְהוּדִי אִיז פַאר פַאלִין גִיוָוארִין זַיין זוּן · אונ דָאס
אִיז גִיוֶועֶן פַאר פֶּסַח · אִיז דֶער אֵינוֹ יְהוּדִי גִיגַאנְגִין פוּן
אֵיין הוֹיז צוּם אַנְדֶרִין אִין גַאנְץ פְּרָאג אונ הָאט גִיטְרֵייסִילְט
בַּייא אַלֶע יְהוּדִים · דֶער נָאךְ אִיז עֶר גִיקוּמֶן מְרֵייסְלִין בַּייא
דֶעם רַייכִין יְהוּדִי · אִיז דֶר דוּבֶּעם אַרוֹישׁ גִיגַאנְגֶן צוּ זֵיי אונ

זָאגְט בַּייא אִים דַארְף מֶען נִיט טְרֵייסְלִין אִיךְ וֵוייס אַז עֶר אִיז זֵייעֶר אַיין עֶרְלִיכֶער מַאן עֶר וֶועט דָאשׁ בְּוַודַאי נִיט טָאן זָאגְט דֶער כּוֹמֶר אֲדוֹנִי דוּכֶּעס אִיךְ כּוּז דָאךְ יוֹצֵא זַיין פַאר דֶעם פָאלְק אִיךְ זָאל חָאטְשֶׁע טְרֵייסְלֶען אַיין אָרְט וָואס פַאר אַיין אָרְט עֶר וֶועט מִיר הֵייסִין: זָאגְט דֶער יְהוּדִי לָאז עֶר טְרֵייסְלִין אִין דֶעם קֶעלֶער וָואס דָארְטִין לִיגִן דִיא יְרָקוֹת · אִיז דֶער כּוֹמֶר גִיגַאנְגֶן אַהִין טְרֵייסְלִין אוּנ הָאט אִים דָארְטִין גִיפוּנֶען אִיז דֶער דוּכֶּעס גִיבְּלִיבִּין זֵייעֶר דֶער שְׁרָאקִין אוּנ מִכָּל שֶׁכֵּן דֶער יְהוּדִי מִיט זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער אוּנ אַלֶע זַיינֶע מֶענְטְשִׁין זַיינֶן אַלֶע זֵייעֶר דֶער שְׁרָאקִין גִיוָוארִין · זָאגְט דֶער דוּכֶּעס צוּא דֶעם כּוֹמֶר אִיר מֵיינְט אֶפְשַׁר אַז אִיר וֶועט אִים שְׁלִיסִן אִין אַייזִן · אָדֶער אִיר וֶועט אִים נֶעמֶען אִין תְּפִיסָה אַרַיין אִיךְ בִּין עָרֵב פַאר אִים אַז אִיךְ זָאל אִים צוּא שְׁטֶעלִין וֶוען מֶען וֶועט אִים דַארְפִין · אוּנ אִיר מֶעגְט אִים פַאר חַתְמְנִין אַלֶע זַיינֶע זַאכִין אוּנ שְׁטֶעלִין אַיין שְׁמִירָה פַאר זַיין שְׁטוּב מֶען זָאל אִים הִיטִין · אָבֶּר אִין קַיין תְּפִיסָה וֶועט אִיר אִים נִיט נֶעמֶען אוּיךְ אִין קַיין אַייזִין וֶועט מֶען אִים נִיט שְׁלִיסִן · אוּנ אוּיף זַיין מִשְׁפָּט וֶועט נִיט זִיצִן קַיין קְלֵיינֶע לַייט · נָאר דִיא גְרֶעסְטֶע לַייט פוּן דֶער וֶועלְט · דֶער מִשְׁפָּט מוּז אַרוֵיישׁ

גיין גאנץ קלאר מען וועט בוודאי דער גיין דעם אמת ·
דען איך וייס אז דר יהודי האט אים בוודאי ניט גישמאכין
אונ ער וייסט גאר דער פון ניט · אזו האבין זייא גימאן
דאס זייא האבין גישטעלט איין שמירה ארום זיין הויף
מען זאל היטין אים מיט זיין ווייב אונ קינדער · אונ האבין
פאר חתמת אלי זיינע קעלרם אונ אלע זיינע זאכין · אונ
האבין אפ גישטעלט איין צייט אז ביז דער צייט זאל
מען עס הערין · איז דר דוכס גיפארין קיין ווין אונ אין
איינגלאנד אונ צו דעם שופט פון רום אונ האט גיבעטין
אלע גרויסע לייט אז זייא זאלין זיצן אויף דעם משפט : אונ
האט זייא דר ציילט וואס פר איין ערליכר מאן ער איז ·
דאס איז נאר אבלבול אויף אים · אונ דער יהודי מיט
זיין ווייב אונ קינדער אונ אלע זיינע נאמנים האבין גיפאסט
טאג אין טאג · אויך דיא גאנצע לייט פון דער שטאט
האבין גוזר תענית גיוועזן פון זיינט וועגין *אונ דער רב
פון דער שטאט איז גיוועזן דר גור אריה · אונ דאס ווייסט
מען דאך אז ער איז גיוועזן אגרויסר צדיק אונ פלעגט
באווייזין גרוישע מופתים · האט ער גיפרעגט על פי חלום
וואש מען זאל טון מיט דעם בלבול · האט מען אים גיענטפערט
מן השמים אז אים קען מער ניט העלפין נאר איין יהודי

*) עיין בסוף הספר

וואש

וואש הייסט לייבעלע זאקין מאכיר · נאר מען האט אים נים גיזאגט אין וואס פאר אשטאט ער איז · איז דער גור אריה אים גיפארין זוכין פון שטאט צוא שטאט ביז ער איז אן גיקומען אין אשטאט אריין אונ האט גיפרעגט אויב עס איז דארט פאר האנדין איינר לייבעלע זאקין מאכיר זאגין זייא צוא אים רבי נאך וואס פרעגט איר נאך אויף דעם ער איז גאר אפראסטאק ער איז אבעקער · זיין וייב זיצט אויפין מארק מיט גיבעקס אונ ער ארבעט זאקין אונ שלאגט זיך תמיד מיט דיא וייסע חברה נאך וואס פרעגט איר אויף אים נאך · זאגט דער גור אריה ער איז מיין קרוב נאר וויא איר דער ציילט מיר וויל איך מיך מיט אים גאר נים זעהען · בייא נאכט זאגט דער גור אריה צום משרת פון דעם הויז פיר מיך צוא דעם לייבעלע · נאר איך בין גוזר אויף דיר אז דוא זאלסט ניט דער מאנען פאר קיין מענטשין האט ער אים גיפירט צוא אים · אונ ער האט גיוואוגט אונטער דער שטאט אין אצובראכינע שטיבעלע · וויא דער גור אריה איז צוא אים אריין גיקומען ליגט ער אויף דעם בעט אונ קוקט אריין אין אספר · אונ זיין וייב באקט גיבעקס · וויא דער לייבעלע האט דער זעהען דעם גור אריה האט ער זיך אויף גיהאפט אונ זאגט רבי וואס

פּוּט אִיר דָא בַּייא נַאכְט · זָאגְט דֶער גור אריה צוּא אִים אִיךְ דַארְף מִיט אַייךְ עֶפְּעס רֵיידִין לָאמִיר גֵיין אִין דְרוֹיסִין אַרוֹים זָאגְט דֶער גור אריה צוּא אִים דוּא זָאלְסְט ווִיסִין אַז עֶס אִיז פַאר הַאנְדִין אַבִּלְבּוּל אִין אוּנְזֶער שְׁטָאט פְּרָאג אוֹיף זַייעֶר אַטייעֶרִין מֶענְטְשִׁין עֶר מִיט זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶר אוּנ עֶר אִיז אַגְרוֹיסֶר למדן אוּנ אִיז זַייעֶר פְרוּם הָאט מֶען מִיר גִיזָאגְט מן השמים אַז אִיר קֶענְט אִים הֶעלְפִין דְרוּם למען השם הַאלְט אַייךְ דָאס נִיט פַאר גְרִינְג אוּנ פָארְט מִיט מִיר קַיין פְּרָאג אוּנ טוּט אִים אטובה ווִיא וַוייט אִיר קֶענְט · זָאגְט דֶער לֵייבֶּעלֶע צוּא אִים אִיר פָארְט אַהֵיים אוּנ דֶער מָאנְט פַאר קֵיינֶעם נִיט אוּנ אִיךְ וֶועל שׁוֹין דָארְטִין זַיין צוּ דֶער צַייט וָואס מֶען וֶועט מִיךְ בַּדַארְפִין · דֶער גור אריה אִיז אַהֵיים גִיפָארִין אוּנ הָאט גִיזָאגְט אַבְּשׂוּרָה דֶעם מֶענְטְשִׁין עֶר זָאל נִיט זָארְגִין עֶר וֶועט אי"ה גִיהָאלְפִין וֶוערִין אִין גִיבֶע צַייטִין · עֶס אִיז גִיקוּמֶען דִיא צַייט וָואס דֶר משפט הָאט בַּאדַרְפְט זַיין אִיז אַרָאפּ גִיפָארִין דֶר שׁוֹפט פוּן ווִין אוּנ פוּן אֵיינְגְלַאנְד · אוּנ דֶער שׁוֹפט פוּן רוֹם אִיז גִיפָארִין שְׁפֶּעטֶער מִיט אַטָאג · וויא דֶער שׁוֹפט פָארְט אַזוֹ אוּנ אִיז שׁוֹין נִיט וַוייט פוּן פְּרָאג זָעהֶעט עֶר ווִיא אַיין יהוּדִי גֵייט צוּא פוּס · אוּנ דָאס אִיז גִיוֶוען דֶער לֵייבֶּעלֶע זָאקִין

אכער

מַאכֶער זָאגְט דֶער שׁוֹפֵט צוּם יהודי זִיץ אוּיף מִיט מִיר · דֶען עֶשׂ אִיז נִיט רֶעכְט אִיךְ זָאל פָּארִין אוּנ דוּא זָאלְסְט גֵיין צוּא פִּיס וָוארוּם דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז אַז דֶער שׁוֹפֵט פוּן רוּם בַּדַארְף זַיין אַיין עָנָיו · הָאט עֶר זִיךְ אוּיף גִיזֶעצְט דֶער וַוייל זַיינֶען זֵייא גִיפָּארִין בַּאַרְג אַרָאפּ הָאבִּין זִיךְ דִיא פֶּערְד זֵייעֶר צוּא יָאגְט אוּנ הָאבִּין אִיבֶּער גִיקֶערְט דִּא קַארִיטֶע אוּנ דֶער שׁוֹפֵט הָאט זִיךְ אִיבֶּער גִיבְּרָאכִין אַפּוּס · הָאט עֶר אָ גִיהוֹיבִּין זֵייעֶר צוּא שְׁרַייעֶן פְּרֶעגְט אִים דֶער יהודי וָואס שְׁרַייסְטוּ אַזוֹ זָאגְט דֶער שׁוֹפֵט עֶס טוּט מִיר זֵייעֶר וֵוייא · גֵיט דֶער יהודי אוּנ לֵייגְט אַרוּיף זַיין הַאנְט אוּיף דֶער פּוּס הָאט זִיא תֵּיכֶף אוּיף גִיהֶערְט וֵוייא צוּא טָאן · הָאט שׁוֹין דֶער רִיכְטֶער פַאר שְׁטַאנֶען אַז דָאס אִיז אַפִּינֶע זַאךְ · זָאגְט עֶר צוּ דֶעם יהודי וָואס וֶועט אָבֶּר זַיין בַּיי אוּנְז אִיז פַר שְׁרִיבִּין אַז אַבֶּעל מוּם טָאר קֵיין רִיכְטֶער נִיט זַיין אוּנ אִיךְ הָאבּ דָאךְ שׁוֹין אַיין צוּא בְּרָאכִינֶע פוּס וֶועט מֶען דָאךְ מִיךְ תֵּיכֶף אָפּ וַוארְפִין פוּן רִיכְטֶער זָאגְט דֶער יהודי צוּא אִים אִיךְ וֶועל דִיר אַיין עֵצָה גֶעבִּין דוּא זָאג אַז דוּא בִּיסְט חוֹלֶה וֶועלִין דַיינֶע קְנֶעכְט דִיךְ אַרָאפּ טְרָאגִין פוּן דֶער קַארִיטֶע וֶועט קֵיינֶער נִיט וִויסֶן אוֹיבּ דַיין פוּס אִיז צוּא בְּרָאכִין · אוּנ

מארגין

מארגין אז איר וועט זיך וועלין זעצין צום משפט זאלסטו
ניט אן הייבן זיך צוא זעצין ביז איך וועל קומען צו דיר
דען איך דאוין אויש גאנץ שפעט · אונ וויא איך וועל
אריין קומען צוא דיר אזו וועט תיכף דיין פום ווערין
גאנץ וויא עס איז גיוועזן פריער אונ אויב דוא וועסט ניט
צוא הערין מיר וועט ער בלייבין צוא בראכין אויף
אייביג · דוא זאלסט וויסין אז איך בין דער אדוואקאט
פאר דעם יהודי וואס מען מאכט אויף אים דעם בילבול
וואס דו וועסט זיצין איבער זיין משפט · נוא חטשע דעם
ריכטער האט דאך דאש זייער פאר דראסין אז ער
זאל דארפין ווארטין מיט דעם משפט אויף איין ארעמען
אידן נאר מחמת אין ברירה האט ער זיך גימוזט מאכין
הולה ביז דער יהודי וועט קומען צו אים · אין דר פריא
האבין דיא אנדערע ריכטער גישיקט גיוואר ווערין צוא
אים ווען ער וועט גיין צום משפט · ענטפערט ער דעמאלט
ווען ער וועט קענען קומען וועט ער אליין קומן צוא זייא
מיט גרוים דאנק · ער בעט זייער זייא זאלין אויף אים
אביסיל אויף ציהען · עס האט גיווערט ביז נאך האלבין
טאג איז דר לייבעלע זאקין מאכער גיקומן צו אים איז זיין
פום תיכף גאנץ גיווארין איז ער זייער דער פרייט גיווארין

אונ

אונ זאגט צום אידין וויא ווייט איך וועל קענען וועל איך אייך טאן אטובה · דער שופט איז גיקומען אונ זייא האבין זיך גיזעצט אויף דעם משפט · האט דער יהודי פר זיך גישטעלט פאר אטוען דעם לייבעלע זאקין מאבער אונ דר כומר מיט אלע שטאט לייט האבין אז ד׳ גישטעלט פון זיך איין אדוואקאט האט אן גיהויבין טאיינען דער אדוואקאט איז דאס דען גיהערט גיווארין אז די יהודים זאלין אלע יאר הארגענען איין נכרי וייל זייא באדארפין האבין בלוט אויף פסח · ווארום זאלט איר דאש שווייגין ובפרט אצונד וואס מען איז שוין גיווואר גיווארין נאר דעם אמת וויא זייא האבין אומיסני בהאלטין ביי דעם רייכין יהודי וייל זייא האבין זיך גיטראכט מען וועט אויף אים כבוד לייגין אונ מען וועט בייא אים ניט טרייסלען · זאגט דער יהודי עס איז ליגין דיא אידין דארפין ניט קיין בלוט אויף פסח · אונ דיא כומרים אליין האבין גיטייט דעם א״י אונ האבין אונטר גיווארפין דעם יהודי אויב איר ווילט מיר ניט גלייבין לאמיר פרעגין זיין פאטר אונ מוטר זייא וועלין זאגין דעם אמת · אונ די כומרים האבין גינומן זיין פאטר אונ מוטר אונ האבין זייא פאר שלאסין אין איין חדר זאגט דער כומר זיין פאטער אונ מוטער זיינען שוין

גישטארבין

גִישְׁטָארְבִּין דְרוּם הֵייסְט עֶר זֵייא פְּרֶעגִין · זָאגְט דֶר יְהוּדִי נֵיין עֶס אִיז לִיגִין זֵייא זֵיינֶן פַאר שְׁלָאסִין אִין דֶעם אוּנ אִין דֶעם חֶדֶר · לָאזִין זֵייא מִיר גֶעבִּין דִיא שְׁלִיסְל ווֶעל אִיךְ זֵייא בְּרֵיינְגֶן · אַזוֹ אִיז גִיוֶועזְן מֶען הָאט אִים גִימוּזְט גֶעבִּין דִיא שְׁלִיסְל אוּנ עֶר הָאט זֵיי גִיבְּרַאכְט זָאגְט דֶר דוּכֶּעס צוּ זֵייא ווֶעט אִיר זָאגִין דֶעם אֶמֶת ווֶעל אִיךְ אַייךְ לָאזִין אוֹיף אֵייבִּיג פְּרַיי פוּן פַאנְשְׁצִיזְנֶע · זָאגִין זֵייא מִיר ווֶעלִין דֶר צֵיילִין דֶעם אֱמֶת · אוּנ הָאבִּין דֶער צֵיילְט דֶעם אֱמֶת · דֶער כּוֹמֶר הָאט אִים אַלֵיין גִישְׁטָאכִין אַזוֹ וְויא אוֹיבִין אִיז גִישְׁטַאנֶן · זָאג דֶר כּוֹמֶר פוּן זֵייעֶר זָאגִין אִיז קֵיין רְאָיָה נִיט דֶען דִיא יִדִין הָאבִּין אִים גִיגֶעבִּין גֶעלְט עֶר זָאל זָאגִין אַזוֹ וְויא זֵייא ווִילִין · זָאגִין דִי מְלָכִים עֶס אִיז נִיט אֱמֶת וְהָא רְאָיָה אִיר הָאט דָאךְ זֵייא פַאר שְׁלָאסִין אוּנ הָאט גִיזָאגְט אַז זֵייא זֵיינֶען גִישְׁטָארְבִּין · זָאגְט דֶער יְהוּדִי אִיךְ שֵׁיינְק אַייךְ דָאשׁ אַלְץ לָאמִיר פְּרֶעגִין דֶעם גִישְׁטָאכִינֶעם אֵ"י עֶר אִיז בִּשְׁעַת מַעֲשֶׂה זֵייעֶר קְלָאר גִיוֶועזְן עֶר ווֶעט דֶער צֵיילִין גָאר דֶעם אֱמֶת אִיז דֶער יְהוּדִי גִיגַאנְגֶען צוּא זַיין בַּאגְרֶעבְּנִישׁ אוּנ הָאט אִים גִיהֵייסִין אַרוֹישׁ גֵיין אִיז עֶר אַרוֹישׁ גִיגַאנְגֶן אוּנ אִיז גִיקוּמֶן פַאר דִיא רִיכְטֶער אוּנ הָאט דֶער צֵיילְט גָאר דִיא מַעֲשֶׂה וְויא דֶער כּוֹמֶר אִיז גִיקוּמֶען צוּא זֵייא אוּנ הָאט אָן גִירֶעט זֵיין פָּאטֶר אוּנ מוּטֶער

זייא זאלין אים שטעכין נאר זייא האבין ניט גיוואלט האט
מיר דר כומר אליין גישטאכין · זאגט דר רומישער ריכטער
צום כומר וויא עש ווייזט זיך אויש ביסטו שולדיג אונ דר
יהודי איז זייער ריין דער פון · נאר זייא זיך אליין מודה וועט
דיין משפט פיל גרינגער זיין · זאגט דער כומר איך בין
מודה דעם אמת אז איך בין שולדיג דרינען וייל דר יהודי
האט אמאל בפוילין צו מיר ער וועט מיר שיקין אזאקוציייע
אבער דער יהודי וייס גאר ניט פון קיין שום זאך איז ארויס
גיגאנגען דער פסק צווישין זייא אז דעם כומר מיט דעם
אדוואקאט זאל מען היינגן אונ זייער גוטש זאל מען טיילן
אויף דרייא חלקים אשליש דעם יהודי וואס זייא האבין
גימאכט אבלבול אויף אים · אשליש אויף אידישע ארמע
לייט · אשליש אויף קאטולישע ארמע לייט אונ דר דוכעס
איז זייער פרייליך אוועק גיגאנגען פון דעם פסק אונ דער
לייבעלע זאקין מאבער איז נישט גיבליבין מען האט ניט
גיוואוסט וואו ער איז אהין גיקומען :

אגב וועלין מיר דא באשרייבין וועך דער מחבר איז פון
דעם ספר גור אריה · ער איז הרב הגאון המקובל מהור"ר
יהודה ליווא וואס ער איז באקאנט אין דער וועלט אונטער
דעם נאמען מהר"ל מפראג ער איז נתקבל גיווארין פאר

ארב אִין פראג בשנת של״ג אונ עָר הָאט דָארְטִין זֵייעָר פִּיל תורה פַּאר מֶעהְרְט אונ עָר הָאט גִימַאכְט פיר אינ צְוַואנְצִיג ספרים · אונ עָס וָוערְט דער צֵיילְט פון אִים זֵייעָר פִיל מופתים אונ אֵיינֶע דָר פון אִיז בַּאקַאנְט אִין דָר וָועלְט דָעם גולם וָואס עָר הָאט גִימַאכְט וָואס עָר לִיגְט נָאך עד היום הזה אִין פראג אויפִין שול · דֶער גְרוישֶׁער גאון אִיז גִיבָּארִין גִיוָוארִין בשנת רע״ב לאלף הששי · אונ עָר אִיז נפטר גִיוָוארִין ח״י אלול שנת שס״ט עָר הָאט גִילֶעבְּט זִיבִּין אונ נַיינְצִיג יָאר · עָר אִיז מקובר אִין פראג אויפִין אַלְטִין בית עולם מִיט זַיין פרויא מרת פעריל אונ עָר הָאט פַּאר זָאגְט אַז מֶען זָאל נִיכְט שְׁרַייבִּין קַיין שום שבח אויף דֶער מצבה : אונ עָס שְׁטֵייט מֶער נִיט אויף דֶער מצבה דיא וָוערְטֶער · פה נקבר ר׳ יהודה ב״ר בצלאל ואשתו אשר הואיל פעריל בת ר׳ שמואל אונ עָס שְׁטֵייט אויף זֵייעָר קבר זֵייעָר אַשֵׁיינֶעם בִּנְיָן · גאט ברוך הוא זָאל אוּנְז טָאן תָּדִיר נִסִים וְנִפְלָאוֹת אָמֵן סֶלָה :

## ע נ ד ע



